ניאל טשארני

# אונטערוועגס

(לידער)

בערלין · 1929

גער חברטע סימע
צום אנדענק פון [illegible]
[illegible] [illegible] אין בערלין.
ד. טשארני
13/IX 1930

דניאל טשארני

# אונטערוועגס
(לידער)

בערלין · 1929

# דער צושאָסענער ציפּערבלאַט

צושאָסן איז דער ציפּערבלאַט פון קלויסטערזייגער
די ווייזערס פּענדלען נאָך אַף נאַקעטע געדערים·
און אונטן אַפן ברוקשטיין ליגט אַ פערדס אַ פּגר –
ס׳פרעסן אים שוין הונגעריקע הינט און ווערים·

ס׳האָט די מוטער־צייט אַליין פאַר שרעק געמפּלט
און ס׳מאַכן איר צוויי ווייזערס משוגענע העויות·
עס האָט שוין ווידער אַ האַרמאַט וואו אויפגעצאַפּלט
און הוסטנדיק אַלץ צוגעציילט די מאָרגיקע לויות·

און אונטן אַפן ברוקשטיין ליגט אַ פערדס אַ פּגר·
עס פרעסן אים שוין הונגעריקע הינט און ווערים· —
דאָס האָט פאַרביינקט זיך נאָך אַ נייעם לעבנסשטייגער
אַ הונגעריקער פויער פון כאַרקאָוו צו פון פערם·

איצט פויזן עובר בטל צוויי לאַנגע שוואַרצע ווייזערס
אַף קיילעכדיקן חלל׳ ווי שטעקלאַך פון אַ בלינדן
און ס׳פויזעט אום אַ שרעק אַף גאַסן און אַף הייזער
און קיינער האָט קיין מוט אַ נאַכט־לאָמפּ אָנצוצינדן·

ווער ווייס דען׳ צו ס׳איז טאָג׳ ווער ווייס דען׳ צו ס׳איז אָוונט׳
עס זיינען אַלע וועגן צו מפיל־צייט געשלאָסן׳
און אַפן רויטן מאַרקפּלאַץ שטייט אַ פערמער יון
און פרעהט זיך׳ וואָס ער האָט דעם וועלטזייגער צושאָסן·

זיין זיגעריש געזיכט שטראַלט׳ ווי אַ טורם־זייגער
און וואָנצעס׳ ווי צוויי ווייזערס מאַכן דיר העויות —
דאָס הויבט זיך אָן פון היינט אַ נייער לעבנסשטייגער
און דו׳ אָ דו – ניט ויין אַף מאָרגיקע לויות···

מאָסקווע, 1917·

# טויטשטראָף

יעדער נייער טויטשטראָף אין מאָסקווע צו אין ניו־יאָרק,
יעדער נייער טויטשטראָף אין וואַרשע צי אין רעוועל —
לייגט זיך אויס אַף מיין געוויסן מיט אַ פרישן אבל־טרויער,
ווי איך וואָלט שוין ווידער אומגעבראַכט מיין ברודער הבל.

יעדע צייטונג ברייגנט מיר יעדן טאָג אַ פרישן קרבן,
יעדע צייטונג רויטלט זיך מיט פרישינקע בלוטסטראָפנס,
הלואי וואָלט איך שוין בעסער אין מיין וויג געשטאָרבן,
איידער יונג־געקעפטע ברידער זאָלן באָמבלען זיך צוקאָפנס.

און צו וואָס האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן
און צו וואָס האָב איך פאַרקנסט זיך מיט די אויבערשטע „צענטויזנט״ —
איז ניט בעסער טשערעדעס אַף גראָזלאָנקעס צו טרייבן —
צווישן שטומע חיות זאָל מיין שטילעס לעבן פויזן.

גאָט, מיין גאָט, איך קאָן שוין נישט דיין צלם מער פאַרטאָגן,
גאָט מיין גאָט, זע מעק מיך אויס פון דיין פאַרקינטן געזינדל.
איך קען שוין מער ניט היינגען אַ געקרייציגטער אַף אַלע ראָגן —
כ׳קאָן שוין מער נישט טראָגן אָט דעם עפנטליכן זינד־עול.

פאריז, 1925.

# ים־שווינדל

ס׳וויגט זיך, ווי אַ מולטערל מיין שיף פון פופציג טויזנט טאָן
צווישן בערג און טאָלן פון צעווילדעוועטן אָקעאַן —
כ׳ווייס אַליין נישט, וואָס זאָל איך איצט אָנהויבן צו טאָן,
ווען ס׳גאַנצע לאַנגע לעבן מיינס ווערט קלענער פון אַ שפּאַן.

צו זאָל איך זיך פאַרשטעקן אין דעם חלל פונם רעטונגס־גורט,
צו זאָל איך לאָזן זיך אַף הפקר מיט מיין קעמפנדיקער שיף,
און פונקט, ווי זי אַרויס אַנטקעגן ים מיט לענדן אָנגעגורט
און זיך עקשנות׳דיק פאַרמעסטן אַף זיין ברייט און אַף זיין טיף.

איך האָב אַף דער יבשה דאָך נאָך קיינמאָל נישט געזען
אַזאַ פאַרווילדערטע רציחה, ווי ס׳פאַרמאָגט דער ים —
ווען ס׳וואָלט דערפון אַ צענטחלק פאַרמאָגט מיין פען —
וואָלט אויך מיין ליד געשטורמט איבער פערז און גראַם.

נאָר ס׳ברעכט מיין פען מיט טינט, ווי איך — מיט גרינעם גאַל
און כ׳ווייס אַליין נישט, וואָס זאָל איך איצט אָנהויבן צו טאָן,
ווען ס׳קען אַ יעדע רגע אונטערגיין אין כף הקל׳
מיין ליד, און איך און אַלע פופציק טויזנט טאָן.

אַנטלאַנט. אָקעאַן, 1925.

# זאָל איך שווייגן?

זאָל איך שווייגן — ווער וועט דען מיין שטומען צער דערשפּירן,
זאָל איך שרייען — ווער וועט דען מיין ווייגעשריי דערהערן?
וואָס זשע קלאַפּ איך זיך תּחנונים׳דיג אין פרעמדע טירן,
וואָס זשע פּלאָנטער איך זיך אום אין פרעמדע ספערן?

כ׳בּין געבּוירן דאָך צו זיין אַ בּעטלער אויף די וועגן –
כ׳בּין געבּוירן אַף רחמנות בּיי די אַנדערע צו וועקן. –
ווי זשע קאָן איך מענטשליכע אכזריות׳ן פאַרטראָגן,
און מיין בּעטלער־האַנט צו וועמען זאָל איך שטרעקן?

כ׳זע, ווי ס׳רויטלען זיך שוין בּלוטפלעקן אַף אַלע טירן
און עס איז גאָטס בּכור אַליין פאַרמשפּט אַף נישט ווערן, —
זאָל איך שווייגן – ווער וועט דען מיין שטומען צער דערשפּירן,
זאָל איך שרייען — ווער וועט דען מיין ווייגעשריי דערהערן?

עליס־איילנד, 1925.

# וואַנדער־בּעטן

כ׳ליבּ אַזוי צו שלאָפן אין די וואַנדער־בּעטן
פון כלערליי וואַגאָנעס, שיפן און האָטעלן,
מיט שווינדל־קאָפּ און אַקסל פרעמדע קישנס קנעטן
און שפּירן, ווי מאַטראַצן פון מיין לייכטקייט קוועלן.

ווער ווייס דען, ווער ס׳איז נעכטן אָט אַ דאָ געלעגן,
ווער ווייס דען, ווער ס׳וועט מאָרגן פּונקט ווי איך דאָ שלאָפן?
ס׳האָט אפשר ווער געאיילט אַ היים מיט זיין פאַרמעגן,
צי אפשר איז גאָר איינער פון זיין היים אַנטלאָפן?

און כ׳ליבּ אַזוי די בּעטן, די נו־ונד׳נע בּעטן,
סע שמעקט פון זיי מיט ליבּע, צאָנווייטאָג און זאָרגן
און זאָל זיך אויך מיין האַרץ, מיין וואַנדער־האַרץ פאַרקנעטן
מיט אָט די אַלע וועזנס פון נעכטן און פון מאָרגן.

ווייקערסדאָרף (טהירינגען), 1926.

# דער פינפטער

קיינער ווייס נישט דעם אייגענעם סוף,
ווי ער ווייס נישט דעם אָנהויב פון זיך:
איינער שטאַרבט בנשיקה אין שלאָף
און דער צווייטער – אין קראַגן און שיך
אונטער בונטאַרישער פאָן,
אָדער גאָר אונטער ראָד פון פאַבריק
און אַ דריטער אַליין טוט זיך אָן
אַפן האַלז אַ צווייגראָשענע שטריק,
און אַ פערטער פאַרטאָג ווערט געקעפט
מיט די אויגן געווענדטע צו זיך
און דער פינפטער, וואָס לעבט נאָך און לעבט,
אוי, דער פינפטער, אַ פנים, בין איך!
יע, דער פינפטער, וואָס טראָגט אָט די שטראָף
פון די טויטן די אַלע — בין איך
און איך ווייס נישט מיין איינענעם סוף,
ווי איך ווייס נישט דעם אָנהויב פון זיך.

וויסבאַדען, 1927.

# אָקטאָבער אין שוואַרצוואַלד

איך האָב מיך פּאַרוועבט מיט דעם בלוי־בלאָנדן וואונדער
פון שוואַרצוואַלד, וואָס דרעמלט צופוסנס דער שווייץ.
עס ווערט דאָ מיין לעבן פאַרענדיקטער, רונדער,
ס׳באַקומט דאָ מיין לעבן אַ גאַנץ נייעם רייץ.

איך האָב דאָ אין שוואַרצוואַלד מיין יוגנט באַשריבן
און האָב דאָ מיין יוגנט באַקומען אויפסניי!
איז גוט אַזוי ווידער בר־מצוה׳דיק ליבן
און זוכן אין שויס פון אָקטאָבער דעם מאַי!

איך זוך — און געפין דאָ די שפּורן פון טשעכאָוו*),
פון שלום עליכם, פון נאָמבערגן — אויך!
ס׳יענוועלטיקט מיר אויף זייער דרייפאַכער עכאָ,
ווען כ׳שריי זיי אַרונטער פון פעלזיקער הויך.

דער ערשטער ז׳געשטאָרבן אין זעלביקן חדר,
וואו ס׳האַרץ מיינס גייט אויס איצט פאַר ליבע און פרייד,
דער צווייטער האָט דאָ זיך געשפּילט מעשה זיידע,
דער דריטער ט׳געמאַכט דאָ הקפות צום טויט...

איז וואָס קאָן שוין איצטער מיט מיר דאָ פּאַסירן,
מיט מיר, מיט דעם פּערטן, וואָס זוכט זייער שפּור?
ווען כ׳זאָל דאָ אַפילו מיין לעבן פאַרלירן —
וועט עמיצער ווייטער דאָך ציען דעם שנור!

וועל איך מיך דערטרינקען אין בלוי־בלאָנדן וואונדער
פון שוואַרצוואַלד, וואָס דרעמלט צופוסנס דער שווייץ —
מיין לעבן זאָל ווערן פאַרענדיקטער, רונדער,
מיין טויט זאָל אויך קריגן אַ גאַנץ נייעם רייץ!

באַדנוויילער (שוואַרצוואַלד), 1927.

*) אין באַדענוויילער (שוואַרצוואַלד) איז טשעכאָוו געשטאָרבן (1904), שלום עליכם האָט דאָרטן פאַרבראַכט צוויי זומערס (1910—1911) און נאָמבערג איז דאָרטן געהען אַ פּאָר חדשים פאַר זיין טויט.

# מיין האַרץ באַראָמעטערט אַף שטורם

מיין האַרץ באַראָמעטערט אויף שטורם —
עס מוז שוין, וואָס ווידער געשען!
ביז טאָג וועלן נאָכלויפן שפּורן
נאָך מיין נישט פאַראַנקערטער פען.

ביז טאָג וועלן טינט־טראָפּנס שוואַרצע
באַרעגענען רגעס פון צער
און מאָרגן שוין וועט זיך דאָס האַרץ מיינס
פאַרשניידן אין וועלט־קאַלענדאַר.

און מאָרגן שוין וועט מען אין ווייסן
באַהאַלטן מיך הינטער אַ פּלויט...
...ז׳צו וואָס זאָל איך היינט שוין צרייסן
דאָס שפּיל, וואָס אויף לעבן און טויט?

ז׳צו וואָס זאָלן היינט מיינע שפּורן
באַרעגענען רגעס פון צער,
ווען ס׳האַרץ באַראָמעטערט אויף שטורם
און בלעטערט דעם וועלט־קאַלענדאַר!

ווייסער הירש (דרעזדען), 1928.

# ס׳איז פול מיט מיר אַף יעדן ראָג

איך האָב מיין וואָרט פאַרשמאָלצן מיט די לאָזונגען פון טאָג,
איך האָב מיין ליד פאַרקויפט צום ווירבל פון דער צייט.
איז פול מיט מיר אַצינד אַף יעדן ראָג
און ס׳צאַפּלט איצט מיין האַרץ אין אַלערווייטסטער ווייט.

דוקאָר*), ניו־יאָרק, בערלין, ביראָ־בידזשאַן,
ווי אויך אין אַרגענטינע און בראַזיל
און אומעטום, וואו ס׳איז דאָס אידיש וואָרט פאַראַן —
בין איך מיט אים אין ערנסט און אין שפּיל.

ס׳איז גוט אַזוי צו רייטן אַפן רוקן פון דער צייט
און אונטערוועגס פאַרשיינקען אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג —
עס זאָל מיין האַרץ זיך צאַפּלען אין אַלערווייטסטער ווייט
און פול זאָל זיין מיט מיר אַף יעדן ראָג.

בערלין, 1928.

*) מיין היימאַט־שטעטל.

# אינהאַלט

## פונם זעלבן מחבר זייַנען דערשינען:

לייכטע פערזן (לידער). פאַרלאַג „קולטור“ ריגע.

משפחה־כראָניק (ערינערונגען). פאַרלאַג ב. קלעצקין, ווילנע.

די פאַרכשופטע קרעטשמע. פאַרלאַג „גרינע בוימעלאַך“, ווילנע.

דער גאָלד־דורשטיגער קיסר. פאַרלאַג „חבר“, מאָסקווע.

ווי אַזוי איך קום אַף דער לבנה. פאַרלאַג „גרינינקע בוימעלאַך“, ווילנע.

דער קאָטער אין שטיוול. פאַרלאַג ב. קלעצקין, ווילנע.



